אלעף כץ

# א מעשה פון ים
## און אנדערע לידער

ניו יאָרק. פארלאג זאנגען 1925

אַ בלאַט

עס האָט אַן אָסיען בלאַט
זיך אָפּגעטיילט פון שטאַם,
ווי עס טיילט זיך אָפּ אַ חלום
פון אַ שלאָפער׳ס מאַרך.

לאַנג
האָט ער געוויגט זיך מיט אַ געוויין
אין דעם דינעם ליילאַך פון דעם ווינט,
וואָס האָט איינשטילן געוואָלט
דאָס עלנדע פאַרלאָזטע קינד.
ביז
אויפגעציטערט האָט די וועלט —
ס׳האָט דער ווינט צעריסן זיך אויף שטיקער,
און דאָס בלאַט האָט אָנגערירט די ערד.

א

ווען ס'צינט זיך אין מח פון מורא אַ פלאַם,
און קיינער געדענקט מער דעם זאַמדיקן ברעג,
ווען ס'ווילט זיך פאַרלירן אין שיכרות פון שרעק,
דערציילן מאַטראָסן אַ מעשה פון וועג
פאַסירט וואָס עס האָט אין פאַרגאַנגענע טעג :

דורך סודות, דורך פחד, דורך אומרו פון ים,
דורך שאַלטונג פון ריזיקן, רווישענדן רוים,
דורך קולות פון מיילער פאַרלאָפן מיט שוים,
אין שפּאַן פון קאַפּריזנעם, פאַר'עקשנ'טן צוים
אַ שיף האָט געוואַנדערט אין וויג פון דעם תהום.

געהילט האָט אַן עלנט די בלאַנדזשענדע שיף,
און יאוש פאַראויס האָט געצייכנט איר גאַנג,
דער כישוף פון צייט און פון וואַסער־געפאַנג
האָט יעדן באַזיגט מיט אַ גלייכגילט געטראַנק.
אַ טרייסט האָט געבראַכט בלויז אַן אומזין־געדאַנק.

מיט ציין פון אַ זעג האָט געשטשירעט די טיף,
אַ לײדיקן פּנים — געוויזן די ווייט.
די וועלט האָט פאַרלאָרן איר צוואַנג פון באַדייט.
און אונטערגעגעבן זיך האָבן די לייט
ביז ס'וועלן די יאָרן פאַרשלינגען די צייט.

און פרעמד איז געוואָרן דער עבר צו זיי,
פאַרפּוילט — זיינע פליגל פון טרייסטענדן פּיין.
און נאַכלעסיק האָבן געזופּט זיי דעם וויין
פון ווילדן געיעג אין דער צוקונפט אַריין,
געהאָפט אַז אויף שטענדיק זאָל שוין אַזוי זיין.

ב

נאָר איינמאָל עס האָט זיך אין מח אַ קריי
פון וואַנזין דערהערט אין אַ פינסטערער נאַכט,
און ס'האָט ווי אַ קאַץ זיך פאַר'גנב'עט פאַרדאַכט
אַז פּלוצים וועט קומען דער סוף אין זיין מאַכט
און וועט זיי פאַרשטויסן אין ים'יקן טראַכט, —

האָט בליען גענומען אַ וועלקנדע פלאַנץ
פון גלויבן, און בלאַנקן אַ שאַרף פון אַ שווערד.
געקומען צערייטן אויף ברענענדע פערד,
אַ בשורה פון רעטונג עס האָט זיך דערהערט,
אין גליענדן צער האָט זיך יעדער פאַרקלערט.

און פּלוצים עס האָט זיך באַוויזן אַ טאַנץ,
פון שאָטנס צעווילדעט אַ וויכערגעדריי,
געשניטן דאָס לייב האָט אַ שוידער געשריי,
און באַלד איז געפאַלן אַ שטילקייט אויף זיי
אַזוי ווי די שטילקייט פון פאַלנדן שניי.

געהערט האָבן אַלע פון שטילקייט דאָס ליד,
עס האָט זיי באַשאַפן אַ חלום, אַ גאָט,
זיי האָבן דערפילט אין די בלוטן אַ סוד
אַז ער וואָס אין מאַנטל פון אַלעמענס שפּאָט
איז זייער באַשיצער און האַר פון דער ראָד.

אין אים איז אַ געטלאַכער כח פאַרשמיט,
פון אַש פון זיין האַרץ וואַקסט באַשאַפונג אַרויס,
און שטראָמען פון רעגונג צום ריז און דער מויז.
דער ווייַ פון דער וועלט און איר חיה־געברויז
געפינען ערלייזונג און רו אין זיין שוים.

אַ ברענענדער דאָרן ער איז פאַר דער וועלט
אין פייער וואָס ער האָט צעפלאַקערט אַליין.
און ווערט ער פאַרברענט פון פילקעפיקן „ניין״,
וואָס קריכט אין זיין בלוט און אין מאַרך פונ׳ם ביין,
פאַרוואַנדלט אין רויך ווערט זיין שטילער געוויין,

אויף אייביק פאַר יעדן פאַרהילט און פאַרשטעלט.
דאָך מעכטיק וועט זיין פון זיין וואָרט דער באַפעל,
ווען ס׳וועט זיך באַווייזן דער סוף ביי דער שוועל,
די חיה פון ים אין איר העסליכער פעל
וועט ווערן געטויט פון זיין בליק אויפ׳ן שטעל.

ג

אַזוי איז באַמעכטיקט געוואָרן אַ מאַן,
וואָס איז אין אַ צימער געזעסן פאַרשפּאַרט.
אַהין האָט דער בעזים פון שפּאָט אים פאַרשאַרט,
(מיט שפּיזן האָט אַלעמענס עקל געשטאַרט)
געטריבן דער תהו פון האַרץ און פאַרנאַרט.

און דאָרטן פאַרפלאָנטערט אין נעץ פון זיין וואָן,
מיט גלייכגילט צו אַלץ וואָס אַרום איז געשיין,
האָט ער ניט געהערט זייער פרירדיק געוויין,
און איצט ניט געקאָנט זייער שמחה פאַרשטיין.
און דאָך האָט אַ גלויבן „דער נס וועט געשיין“

געפּאַרבט אין דער גרוי זיי אַ ליכטיקן פאָס.
פאַרשוואונדן איז איצט יעדער שאָטן פון שרעק,
די שיף האָט געוואַרט אויף דעם טאָג פון די טעג,
און וויטער געיאָגט זיך אין בלאָנדזשענדן וועג
צום גרויסן טריאומף אין אַ תאווה געיעג.

נאָר אַלץ האָט ווי פריר אין זיין אייביקן האַס
דער כעסן, דער ים אין פאַרצווייפלונג געדראָט,
באַיאָמערט זיין אוממאַכט, געשאָלטן זיין גאָט,
גערעוועט צום הימל זיין דריקנדן סוד,
געשלעפּט צו דעם אָפּגרונט די שווימענדע שטאָט.

ד

געווען אַ פרימאָרגן פון תפילות, פון פרייד,
פון טענץ, פון התלהבות צו גאָט, און געזאַנג.
און דאַן האָט דער ים, אין זיין בייזן פאַרלאַנג,
גענומען זיך וויגן די שיף פון איר גאַנג.
געוואָרן איז באַלד אַ בהלה־געדראַנג.

די רודערן האָבן אין פיין זיך געדרייט.
דער ווינט, דער פונלאַנג שוין ערוואַרטעטער גאַסט,
האָט גרויזאַם געריסן די זעגלען פון מאַסט,
ווי טויזנטער לייבן געוואָיעט, גע׳כעס׳ט,
געבויגן די שיף מיט זיין ווינטיקער לאַסט.

אין באַנדעס צערייצטע, אין באַנדעס אָן שיעור,
עס זיינען די כוואַליעס געשפּרונגען צום דעק.
פאַרשלונגען זיין אייגענעם קאָפּ האָט דער וועג.
און ס׳האָט זיך געזעגנט די שיף מיט דעם ברעג.
און זינקענדיק טיף אין אַ מבול פון שרעק,

עס האָבן זיך אַלע געלאָזט צו דער טיר
פון צימער וואו דאָרט איז געזעסן פאַרמאַכט
דער מענטש פון אַ יעדן פאַרהאַסט, און פאַרלאַכט,
אַז ער זאָל אַצינד מיט זיין געטלאַכער מאַכט
זיי רעטן פון סוף וואָס דער ים האָט געבראַכט.

ה

און דאָ ווערט פאַרשיידן די ענדע דערציילט:

אין וואונדער־ערוואַרטונג די טיר אויפגעמאַכט,
אַ בשורה פון שרעק האָט דער שטורעם געשאַלט.
פאַרשטיינערט געוואָרן איז יעדער געשטאַלט.
דער צימער געוועזן איז ליידיק און קאַלט.
די שיף איז געזונקען צום אָפּגרונט דאָן באַלד.

און ווידער דערציילט מען, די טיר אויפגעפּראַלט,
אין צימער געזעסן אַ מענטש איז פאַרטראַכט.
ער האָט זיי דערזעען און האָט זיך צעלאַכט,
און דאָן זיי געפירט אויפ'ן דעק מיט זיין מאַכט,
געשפּרונגען אין וואַסער. דער ים האָט געלאַכט.

די דאָזיקע מעשה ווער ס'האָט אויסגעטראַכט,
דערציילט נאָך די ענדע געוועזן איז אַזוי:
ווען ברייט ס'האָט געעפנט די טיר זיך פאַר זיי,
עס איז פון דעם צימער אַ פייער אַרויס
און האָט זיי פאַרברענט. און די מעשה איז אויס.

אימפּרעסיע פון אַ סטאַדיאום סימפאָניע קאָנצערט

א

אויערן, אויגן,
און אויגן פון מייז,
געפליגל פון בויגנס,
געשרייען פון מעש.

קאָלירן געפּילדער,
און שרעקלאַכע שטילקייט,
געטומל פון פויקן,
און פּיינען פון גייסט.

וויינענדער ברומען פון קלאַנגדע באַסן,
טויטנגעזאַנגען פון פידלען.

ליידיגע פּענעמער,
פרייל‍אַכע פּענעמער,
טרוימענדע,
דענקענדע,
בענקענדע פּענעמער,
זינקענדע,
ווינקענדע,
שטאַרענדע פּענעמער,
גאַרענדע,
נאַרענדע,
מענטשלאַכע פּענעמער.

ב

היטלען, קעפּ
און גרויסער עלנד,
טויט.
נויט און כעס, און גרויסער צאָרן,
גליק און אומגליק פון זכרון,
קברים' אָן אַ פּלויט.

פליגן,
אויסגעטראַכטע זינגן,
אויסגעטראַכטע פייערפליגן.

„טעמפּן", „שאַרפּן",
פון די האַרפּן —
די באַצירנדיקע דאַמען.
קולות־פלאַמען, און געזאַנגען,
טויבן אין אַ נעץ געפאַנגען —
קלאַפּנדיקע הענט.

ג

אָפענע אויערן,
אָפענע טויערן, —
פאַסטקעס פאַר טענער וואָס וואַנדערן אום.
קללות אין מאַסקן,
און גיהנום־געשטאַלטן,
שטראָמען פון טרויער באַהאַלטן, און שטום.
דומקעפּ וואָס הענגען אויף שטריק פון ערוואַרטונג.

ד

נאַכט,
עלעקטריש ליכט,
און שוואַרצקייט,
שרעק, און גרויסער צווייפל.
מאַכט און רעכט,
און גוט און שלעכט,
אין איין פאַרקניפּטן כפל.

ה

צויבער שטעקל —
קישעפמאַכער,
ווייזט די קונצן פון זיין קראַפט,
מאַכט דעם אָנשטעל אַז ער שאַפט.
און מיט גוטן, און מיט זידלען,
נאַרט ער אוים ביי פלייטן, פידלען,
און קלאַרנעטן זייער האַפט.

די פאַרקישעפטע קאַפּעליע
פאָלגט ווי האַמלעט׳ן אָפעליע,
שפּילט געהאָרכזאַם און פאַרשווייגט,
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

ו

קישנס פון שטרוי מאַכן ווייכער דעם שטיין,
אָבער די פידלען מיט ביטער געוויין
באַקלאָגן דעם סוף פון די זיצערס.

טאַצן קלינגען,
טאַצן ליאַרמען אויס אַ צייכן פון פאַרגיין,
קיינער הערט ניט זייער אָנזאָג,
קאָן די בשורה ניט פאַרשטיין.

האַנט קלאַפּט האַנט —
געוויג פון פליגל,
שטילקייט רוט אויף טרעפּ פון שטיין.
און דער גייסט פון קאָמפּאָזיטאָר
ווײנט
אַליין.

לעגענדע פון דעם וואולוואָירט טורעם

דער אייביקער קוואַל פון מאַכט,
וואָס איז געפאַנגען אין די טיפענישן פון ניו יאָרק,
האָט ווי קוועקזילבער
קיין רו געקאָנט געפינען,
און האָט געזוכט אַן אויסגוס,
אַ באַפרייאונג.

האָט ער ענדלאַך דורכגעשניטן,
דורכגעשפּיזט אַ וועג —
און אַ ווילדער ריז, אַ גייזער,
איז געשפּרונגען אין די וואָלקנס
אין אַ וואַנזינפרייד.

זיינען זיינע אויגן בלינד געוואָרן
פון דעם פּלוצימדיקן ליכט,
און זיין פרייהייט
האָט אים מיט שרעק פאַר'סם'ט די ווילדע גלידער,
און האָט אים זיין ריזנלייב
פאַרגליוערט.

„דזשעז“

אַ סאַקסאָפאָן לאַכט מיט אַ הונגעריק געלעכטער,
און פון פויק און טאַצנליאַרם
עס שפּרינגען און צעשפּריצן זיך פאַרטויבטע רוישן
פון געפאַנגען, אומצופרידן בלוט.

ביינדלאַך פון אַ פּיאַנאָ קלאַפּן,
קלאַ־לאַ־לאַפּן אויף אַ קייט פון ווילדע קולות,
און קופּער־רויטע שרייענדיקע רינגען
דרייען זיך אין רוים,
און שניידן אויף אַ טויזנטקעפּיק ליד
פון אומזין.

אין דער גאַטלאָזער חברותא,
פילט דער פידל זיך אין תפיסה,
און ער מאַכט זיך שיכור.
דרך־ארצ׳לאָזע גלעקלאַך
קלינגען,
שרעקלאַך ! שרעקלאַך !
אויסגעשטרעקטע צינגען
זינגען,
און פון פידל פאַלן שטיקער, שטיקער
טויט.

### דער פוגיליסט

א שטורעמווינט,
וואָס וואַרט בלינד אין זיינע אָרעמס,
טרייבט בליציק זיינע פויסטן,
וואָס יאָגן זיך נאָך די פונקען
פון זיינע אויגן.

בלוטיק רויטע פייערן־פאַנטאַזיעס פון וועלדער נעכט
הויבן דאָן אָן צו שפּריצן פון דעם רינג,
און צינדן אָן אַ שייטערהויפן ביז׳ן הימל,
און צינדן שייטערהויפנס אָן
אין אַ וואַלד פון אויגן.

ברענט דער וואַלד.

און עס טראָגט זיך אַ געשריי — אָן אייביקייט,
און פאַרשטומט דעם לעצטן קרעכץ
פון דעם באַזיגטן,
און זינגט אויף אייביק אויס דאָס ליד
פון צופעליקער מאַכט
פון זיגער איבער גאַרניט.

1.

די בלײכע לאָמפּן פֿון דער גאַס
ציִען אַרײַן אין זיך אַ גאַנצן טאָג
דאָס ליכט פֿון דער זון,
און פֿאַרבן אָפּ מיט דעם די שאָטנס פֿון דער שטאָט
בײנאַכט.

װערט די שטאָט אַן אַלטער בעדױאינער,
אין אַ געלער פּלאַכטע אײַנגעהילט.

2.

אָטעמט אױס די שטאָט איר געלן חלום.
קומען סטאַיעס שװאַרצע פֿײגל באַלד צעפֿליִען.
קומען זײ און פּיקן, פּיקן
מיט די לאַנגע שנאָבלען,
פּיקן אױס די געלע אױגן פֿון די הײַזער,
און צעברעכן אַלע לאָמפּן,
און די שטאָט װערט בלינד.

פֿאַלט די געלע פּלאַכטע דאַן אַראָפּ פֿון איר,
און אָקטאָבער שטעכט אַ ציטער אין איר לײַב.

פֿליִען אָפּ די פֿײגל מיט אַ פּאַטשערײַ,
אַ פֿרײד.

און אַ שלאָפֿער װאַרפֿט זיך אין זײַן שלאָף
אין פּײַן.

בײַ דעם האָדסאָן

נאָכגעביק און עלאַסטיש װערן ליכטער
אין די לאָמפּן בײַ דעם ברעג פֿון האָדסאָן,
און זײַן נאַכט־באַפֿאַלענע אומרויִקײט
ציט זײ אױס אין לאַנגע גאָלדענע צעפּ,
מיט װעלכע עס װערן דורכגעשטרײַפֿט זײַנע װאַסערן.

און דזשוירזי,
מיט אַ שװאַרצער שאַל אױף קאָפּ און אַקסלען,
שטײט גאָטספּאָרכטיק אײַנגעבױגן איבער אים
און זוכט מיט לאַנגע הענט
די גאָלדענע לאָקן פֿון אירע טעכטער.

## באַרי מאַטיוון

1.

שטויב און קויט,
און אויסגעבעטלט ברויט,
אַ לעבן וואָס איז טויט.

אַ בענטש וואָס שעלט,
צעשטערטע וועלט,
געשטאַנק פון געלט.

אַ מענטש — אַ גרייז,
געשפּענסט פון לייז,
און שרעק פון מייז.

בייזע שטאָט
פאַרהילכט אַ סוד,
און לאַכט פון גאָט.

.2

הויך דער באַרג,
קאַרג דער זשעדנער סוחר :
אַזוי פיל קויפער אויפ'ן מאַרק,
און ווייניק פערל ברענגט דער טויכער.

וואַרגט דער שאָטן,
פרעסט דעם בליק, און טוידט.
ס'איז דער וועג פאַרבאָטן,
און פאַרבויט.

צעטראָטן די פאַרלאַנגען,
דאָס האַרץ — אַ מת.
אַליין געלאָזט זיך פאַנגען
צו וואַרטן אויף אַ נס.

.3

פאַרוואָרפן דאָס האַרץ אויפ'ן מיסט,
צו שווער איר באוויינענדער לאַסט.
די פעלדער פון גייסט זיינען וויסט.
צעבראָכן פון מזל דער מאַסט.

דאָך בעסער צו לעבן אַזוי,
אַן איינזאַמער דאָרן אין פעלד,
איידער דער גאָלדענער וועג פון דער וועלט.
וואָס פאַדערט אַ באַלדיקן טויט
פאַר זיין שטרוי און זיין ברויט.

שבת גאָט

פלאַקאַטן און שילדן —
ווילדע כאַליאַסטרעס קלאַאונען —
ליאַרמען און שאַלן אַ בשורה פון פרייד צו דער שטאָט.
פלעמלען אויף באַהאַלטענע פאַרלאַנגען
אין די הערצער פון די מענטשן,
און צעוואַקסן זיך אין מורא'דיקע שייטערן
צו דער תאווה פון פאַרגעסנהייט —
דער מעכטיקער אַלהערשער פון דער להוט'יקער שטאָט

מיט אַלע זיינע חושים
זוכט דער שטאָטמענטש אַ פאַראייניקונג
מיט דעם שבת'דיקן גאָט,
און לייטזעליקייט אין זיינע אויגן.

יאָגט דער גאָט זיך אום אין אַ קאַרעטע
מיט אַ דריי־געשפּאַן פון אַלטע קליאַטשעס :

ווײַן,
ווייב,
געזאַנג,

און אַ כאַאָס פון מיליאָנען מענטשלאַכע פאַרלאַנגען,
און פאַרשטעלונגען,
ביז־רחמנות לעכערלאַך און אומבאַהאָלפן,
טראָגט זיך אום אַ ווײַנענדיקער,
אַן אומבאַפרידיקטער,
און אַן אָפּגענאַרטער
אין די טויבע גאַסן פון דער שטאָט.

ווי,
וויפיל אויסגעטרוימטע וואַזן
עס ווערן צעשפּליטערט,
ווי,
וויפיל אילוזיעס עס ווערן פאַרוואַנדלט אין ווינט
מיט דעם קומען פון פרימאָרגן.

און ווען עס וויקלט זיך פונאַנדער
דער לערער פאַרמעט פון אַ נייעם טאָג,
שפּילט אַנטוישונג אויף אַ פידל
ביי אַ יעדנס בעט,
און עקל קרומט אַ יעדנס פּנים
מיט אַ שווידערהאַפטן גלעט.

וויינט די אוממאַכט אין די אויגן
ביז עס פּאַטשן ווייסע פליגל :
קוקו
ריעקו
רו !
רו.

נעכט,
אוי נעכט מיינע, פאַרוואָגלטע,
אין אייער פאַרשאָלטענער אומרוהיקייט
האָט איר פאַרזיגלט מיך.
נאָך אייער וואַנזיניקן געלויף
ווער איך מיטגעשלעפּט
אין אומבאַהאָלפענער.

נעכט,
אוי נעכט מיינע,
קברים פון מיין זיין און אונטערגאַנג,
אין אייער נעץ בין איך אַ הפקר'ער
ווי איר אַליין.

כ'שטרעק אויס די הענט
און לויף אייך נאָך,
איר וואָס האָט מיין ווילן געפאַנגען,
און אים אין אייער קלייד אַריינגעוועבט.
איר, וואָס האָט פון מיר מיין הערשאַפט אויסגעזויגן,
און פאַרטראָגן אין דער ווייט אַריין.

נעכט,
אוי נעכט,
שפינער פון דעם שטריק פון מיינע אַנטוישונגען
אויף וועלכן איך הענג אַ הילפלאָזער,
וויגנדיק זיך צו דעם ריטעם
פון אייערע קאַפּריזן.

נעכט, נעכט,
געוועזענע, פאַרגאַנגענע.
ווי גרויס עס איז מיין צאַרן
און מיין ווייי —
אויף אייך,
אויף מיר אַליין.

איר האָט אויך דעם ווילן אייערן פאַרלוירן,
און די הערשאַפט איבער אייך
אין לייכטזינשפיל פאַרשפילט.

נעכט ?

האָט איר פאַרגעסן שוין ?
איר שטאַמט פון קלאָרע, ווייסע טעג,
ווייס ביז משוגעת,
איר שטאַמט פון קלאָרע, ווייסע טעג.

אַ נאַכט

א

דער טעגליכער גערויש פון שטאָט
ווערט דין ווי זייד,
און טוליעט זיך צו דער ערד,
און קייקלט זיך אַוועק
ווייט, ווייט,
און הויבט זיך אויף מיט׳ן ווינט,
און פליט, און פליט,
און מישט זיך מיט די וואָלקנס אוים,
און שווימט מיט זיי אַוועק.

ב

אַ מענטש איינס-צוויי׳ט, איינס-צוויי׳ט
געשווינט אין גאַס,
און זיין האַרץ וויברירט האַרמאָניש מיט זיינע טריט.

זיינע אויגן,
אָפּגעבונדן פון דעם מאַרך,
ווערן פריי און אומבאַהאָלפן.

ברואים פון אַן אומערהערטער וועלט
אַנטפּלעקן זיך, און שרעקן אים
און רייצן, און פאַרפּלייצן אים אין ים'ען פון געשטאַלטן.

פּלאָנטערט זיך אַ נעץ פאַר זיינע פיס,
ער טרעט אויף שפּיזן.
און צווישן לאַנגע שפּאַנען פון שדים־ריזן
ווערט ער געפאַנגען.

די האָר פון קאָפּ
ציט אוים ביי אים די נאַכט,
און פלעכט זיי איין אין אַלע עקן פון דער וועלט.

און אַ געלער לאָמפּ,
אין אַ ווייטער גאַס,
ווערט אַ גאָט ביי אים, —

און ער פאַלט שטיל אויף די קני.

## .1

איך בין דער שפּיגל פון אייער גאַרנישטקייט,
אין וועלכן עס שרעקט אייך אַריינצוקוקן.
איר האָט מיך דאָרום פאַרהאַנגען
מיט אַ ווייסן ליילאַך פון קינדערשער מורא,
כדי ניט צו דערזען זיך אין מיר —
דעם אידיאָט פון דורות.

גרענעצן,
גרענעצן,
אויף ווי לאַנג ?

היט אייך,
זיי ווערן דין ווי ווינט.

דער גיפטיקער נעפּל פון אומזיכערקייט,
און אומבאַהאָלפנקייט
וועט אַלעמען די אויגן אויסעסן,
און מיט די נעגל
פון מיינע אונטערגראָבנדיקע סתם־געדאַנקען
וועל איך אייך אַלעמען פאַרצוקן,
און ברענגען צו משוגעת.

און לויפן וועט אַ יעדער קעגן זיך אַליין
מיט מעסערס פון דעם סוף אין האַנט.
און דער סוף וועט ברענגען זיך אַ סוף,
און דער אָנהייב וועט זיך טרעפן מיט'ן אָנהייב.

.2

אין שפיגל פון אַ יעדנם הויז
זיץ איך באַהאַלטן.
מענטשן,
טרוימער פון דער וועלט,
קוקט ניט אַריין צו מיר.

איר וועט דערזען דאָרט
אַ מענטשן אָן אַ קאָפּ,
און אין אַ טייך
פון אייערע פאַרלאָרענע, געשאָכטענע ערוואַרטונגען
וועט איר דערזען ווי עס טרינקט זיך אייער מאָרגן,
דער מאָרגן אויף וועלכן איר וואַרט פון אייביק אָן.

און פון די גלאַטע גרענעצן
וועלן קלאַנגען כוואַליעס ברענגען אייך מיין מאָרגנליד:

„מאָרגן
איז גאָרניט.
מאָרגן
איז גאָרניט.
מאָרגן וועט קיינמאָל ניט קומען.
מאָרגן וועט קיינמאָל ניט קומען.
מיר וועלן קיינמאָל ניט שטאַרבן.
ווי,
איר וועלן קיינמאָל ניט שטאַרבן“.

### 3.

קומען וועט אַמאָל נאָך אַזאַ נאַכט,
ווען כ׳וועל זיך איבערזויפן מיט נקמה
ווי אַ שיכור מיט זיין וויין.

און כ׳זע שוין איצט
ווי כ׳לויף אין גאַס,
און שמעטער ווילד די גלעזלעך פון דער שטאָט,
און פינסטער ווערט.
און מענטשן,
מיט פלאַטערנדע הערצער
ווי די מייז,
אַנטלויפן אין אַלע עקן פון דער וועלט
פון מיר,
און פון די ווינטן פון שרעק,
וואָס איז פון איר געפּענקעניש אַנטרונען
אין אַן אומזין נאַכט.

קומען וועט אַמאָל נאָך אַזאַ נאַכט,
און ווער וועט דאַן די שרעק
אַריבערטראָגן ?

## .4

געלע, לאַנגע טאַצנקלאַנגען,
הום פון טויבע טאַמבורינען,
הילכן אין די אויערן —
ס'איז מיין וועלט באַפרייט.

אין אַ זיגערמאַנטל
האָט מיך איינגעהילט דאָס אַנטרונענע ליכט
פון די שטאָטלאָמפּן די צעשמעטערטע,
און עס האָבן מיך געקרוינט די נעכט.

שטראָמען מיינע בלוטן
פון די אויפגעפלאַצטע אָדערן,
און פלעקן אויס דעם וועג
צו מיין באַפרייאונג.

.1

בלאָנדזשנדע ווינטן פון לענדער פון ווייטע
טרעפן זיך אָן אין דעם אייביקן לויף,
און טראָגן זיך ווייטער געפאַנגען באַפרייטע,
ווי ס'טרעפט זיך אַ מענטש מיט אַ מענטשן צונויף.

אַ קוק אין די אויגן דערציילט שוין אינגאַנצן —
צעשניטן די רו האָט אַ חלף פון גאָט.
שטום איז די פויק שוין צו וועלכער מיר טאַנצן,
דאָך וואַרטן מיר אַלץ פאַר אַ פתרון צום סוד.

איין דאַרע בלעטל אויף הערבסטיקע צווייגן
טראָגט אין איר אומגליק דעם סוד פון דער וועלט, —
ניט אין קיין ווערטער, אין תהומות פון שווייגן
ווערט דער „פאַרוואָס" פאַר די מענטשן באַהעלט.

2.

ווער מיט אַ געלעכטער,
ווער מיט אַ געוויין,
מיר זוכן אַלע אייביק
דעם אומזין צו פאַרשטיין.

ווער מיט שווערן שווייגן,
ווער מיט קלוגע רייד —
מיר זוכן אַלע אייביק אַ באַשייד,
און די זון גייט אויף,
און די זון פאַרגייט.

.3

יאָרן — באַנדעם בייזע וועלף,
האָבן אויפגעפרעסן די חלומות פון אַלטן מלך,
די זעאונגען פון אַ מידן וואַנדערער,
וואָס האָט דעם וועג צו זיין פּאַלאַץ פאַרלאָרן,
האָבן זיי פאַרשלונגען.

דער פּערל־שנור פון זיינע פריידן־רגע׳ם
האָט זיך אין אַ טאָגליכט־פלאַם פאַרוואַנדלט,
און פונקען פליען אים פאַרביי,
פונקען פון אַ מורא׳דיקער שרפה.

אומקלאָרע עכאָס פון אַ בענקענדיקן פּאַלאַץ
גאַלאָפּירן נאָך נאָך אים
אויף זיינע גרויע טעג.
אָבער מיד איז שוין דער מלך,
און פאַרלאָרן איז דער וועג.

רייט אַ יונגער פרינץ דאָרט אויף דעם האָריזאָנט.
היידאַ, היידאַ, דאָן קיכאָט,
עס גרויסן זיך די פליגל פון דער ווינטמיל
אויף די וועגן.

## .4

אַנגעזאַפּט מיט גרויע, לאַנג־פאַרגעסענע פּרימאָרגנס,
זיינען אייערע פאַרוויסטע האָר,
און דאָס פּנים קנייטשט זיך ווי אַ שמאַטע.

אין די אויגן מישט זיך אַש
פון אויסגערויכערטע ציגאַרן,
און אין מויל
דערציען זייער סוף די לעצטע שטיקלאַך ציין.

דער מאַרך —
אַ שטייענדיקע אָזערע מיט פוילע פלאַנצן ;
און אַ וואָרעם קריכט אייך נאָך,
און פרעסט צו ביסלאַך אויף
דאָס פלייש פון אייער לייב.

און נאָך וואַרט איר —
אפשר וועט אַ נס געשיין.

## 5.

אין ערגיץ איז ניטאָ קיין רו
פאַר אַ הירש וואָס האָט זיין היים פאַרלאָזן,
און וויל פון זיך אַליין אַנטלויפן.

שפרינגט ער אַריין אין אַ ווינט,
און פליט מיט אים אַוועק
אויף ווייטע, ברייטע פעלדער,
און דער ווינט פאַרטראָגט אים צו אַ וואַלד.

ווערט דער ווינט צעלעכערט און צעריסן
פון די ביימער,
און דער הירש
בלייבט שטיין אין וואַלד געפאַנגען.

שטייט ער און ער קוקט פאַרוואונדערט אַרום זיך,
און די תמימות'דיקע אויגן זיינע
זינגען אויס אַ ליד פון טרויער.

.6

עדעלע פעדים פון שטילקייט
וועבן פאַר יעדן דעם חלום
פון קומענדיקע טעג.

קינדער
חלומ׳ען ביינאַכט
וועגן אַ צעפלאַמטער העלער זון,
און וועגן ווייסע פייגל.

צויבער־פרינצן
האַלטן לבנה־לאַמטערנעס אין די הענט,
און זוכן דעם וועג צו דער וועלט.

7

געריי‌צט פון אומזין אין מיין קאָפּ,
בין איך בלינד געקומען
אויף מיין רוף,
אויף דעם פאַנפאַרע רוף צו קריג
מיט זיך אַליין.

אויפגעעפנט האָט זיך ברייט
דער קוואַל פון אימפּעט,
וואָס האָט מיין באַשווערדעטע האַנט
אויף מיר אַליין פאַרמאָסטן,
און אַ שוואַרצע שרעק
האָט זיך פון שווערד אַרויסגעקנוילט,
און מיך אַרומגענומען ווי אַ מאַנטל.

איך בין געלאָפן מיט געליימטע פיס,
און הינטער מיר האָט זיך געיאָגט מיין שאָטן
מיט בלוט-פאַרשוימטע ליפּן.

.8

אַזוי ווי ליים אַרום אַ טעפּער'ס פּורעם
בין איך אַרום אַ ריזנמענטש
וואָס איז אין מיר געפאַנגען.

גרויס איז ער,
ווי ס'איז די קללה פון זיין בייזן מזל,
און דאָך מוז ער צעניפּגעקאָרטשעט ליגן אונטער מיין הויט
און וואַרטן אויף זיין טאָג. —

ווען עס וועט די גנעלע שיין, שגעון
אויסטריקענען די ליים,
און אים באַפרייען.

.9

אָ, נאַכט,
צינדערן פון האָפנונג
אין מח פון בענקנדיקע מענטשן,
דו האָסט מיך פאַר דיין פריינט געמאַכט.

מיר היטן זיך מיט דיר צוזאַמען
פאַר די קאַלטע גראַניט־פלאַמען
פון דעם גזלן.

חברים מיינע,
לאָמיר רעדן שטילערהייט,
ווען עס שפילט פאַר אונז איר בלינדער פלייט
דעם באַשייד
פון קומענדיקע יאָרן.

## .10

פאַרקניפּט און פאַרפּלאָנטערט די נעץ,
קיין אָנהייב, קיין סוף איז ניטאָ.
טאַנצט אויף בייז־וואונדער אַ ליץ,
און פּייניגט די רולאָזע שעה.

ווערטער — גע׳פּגר׳טע קעץ,
האָבן קיין זין און קיין מאַכט,
ווערטער — פאַרדאַרבנדע קרעץ, —
רעד דו, נאַכט,
רעד דו.

אין אַ פֿינסטער צימער,
צוקאָפּנס פֿון אַ מת,
שטייט אַ וואַקסן ליכט
און שאָקלט מיט'ן פֿייער־קעפּל
אין התלהבות.

וואַרפֿט עס טונקל געלע פֿלאַכטעס
אויף דעם רעדל טאַנצנדיקע שאָטנס,
וואָס לאַכן אים אין פּנים
און אויף די שוואַרצע ווינטן,
וואָס רייסן אים זיין ציטערדיקן קאָפּ
אין אַלע זייטן.

און שטומערהייט
דערציילט עס צו דער וועלט
דעם סוד פֿון אָנהייב פֿון אַלע טעג
דעם סוד פֿון סוף פֿון יעדן וועג.

## אינהאַלט: